# קאַנסער

**וואָס פאַר אַ קראַנקהייט דאָס איז.**
**ווער עס ליידט דערפון.**
**אורזאַכען, סמנים און באַהאַנדלונגען**

פון

ד ר. ב. ד ו ב אָ ו ו ס ק י



נ י ו - י אָ ר ק
1945

# פאָרוואָרט

רעדען אָדער שרייבען, פאַר'ן דורכשניטליכען עולם, וועגען קאַנסער ווערט פון אַ סך דאָקטוירים באַטראַכט אַלס אַ זעהר ריזיקאַלישע אונטערנעהמונג.

פאַראַן נערוועזע מענשען ווען עמען עס דאַכט זיך אַז זיי ליידען פון יעדער קראַנקהייט וועגען וועלכער זיי הערען אָדער לייענען. רעדט מען וועגן קאַנסער ווערען אַזעלכע מענשען „איבערצייגט" דאָס זיי האָבען עס, און זיי פאַרביטערען דאָס לעבען זיך אַליין, זייערע קרובים און זייערע דאָקטוירים. פאַר אַזעלכע מענשען איז אפשר בעסער זיי זאָלען ניט לייענען אַרטיקלען און ניט הערען לעקטשורס וועגען קראַנקהייטען.

אָבער פאַר די מעהרסטע מענשען איז יאָ נויטיג צו רעדען און צו שרייבען וועגען געזונט און קראַנקהייטען, ווייל עס איז מעגליך אויסצולערנען די מעהרסטע מענשען זיי זאָלען דערקאָנען געוויסע סמנים פון קראַנקהייטען, נאָך איידער זיי דערפיהלען זיך קראַנק, און דערמיט פאַרהיטען באַצייטענס דאָס אַ מילדע קראַנקהייט זאָל זיך ניט ענטוויקלען אין אַן ערנסטער.

פאַר יעדען איינעם, ווען אויפקלעהרונג וועגען געזונט קאָן ברייננגען שאָדען (און עס זיינען דאָ אַזעלכע) זייִנען דאָ הונדערט אָדער אפשר טויזענט מענשען וועמען עס קאָן העלפען. דערפאַר, דענק איך אַז עס איז נוצליך און נויטיג צו רעדען און צו שרייבען וועגען קראַנקהייטען, זייערע סמנים, ווי זיך אויסצוהיטען פון זיי און וואָס צו טאָן ווען מען ווערט שוין קראַנק.

**דר. ב. דובאָווסקי**

## וואָס פאַר אַ קראַנקהייט איז קאַנסער?

מיט העכער צוויי טויזענט יאָהר צוריק האָט **היפּאָקראַטעס**, וועלכער ווערט באַטראַכט אַלס דער פאָטער פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע, באַשריבען אַ קראַנקהייט וועלכע הויבט אָן זיך ענטוויקלען אין איין טהייל קערפּער און פאַרשפּרייט זיך צו די אַנדערע טהיילען דורך פינגער־עהנליכע־אויסוואוקסען. אַזאַ סאָרט געוויקס אין קערפּער האָט, אין דער פאַנטאַזיע פון אַמאָליגע רופאים, אָנגענומען די פאָרמע פון אַ ראַק — „קרעבס" און מען האָט דאַרום דער דאָזיגער קראַנקהייט אַ נאָמען געגעבען קאַנסער — אויף אידיש — ראַק.

פאַרשיידענע קינדישע מיינונגען געהן אַרום צווישען עולם וועגען קאַנסער. אַ סך מענשען גלויבען דאָס אין'ם קערפּער פון'ם וחלה וואַקסט טאַקי אַ לעבעדיגער ראַק, און ער פרעסט אויף דעם מענשען. דערפאַר פאַרלירט אַזאַ מענש אַ סך געוויכט. אַנדערע גלויבען דאָס עס זיינען דאָ צוויי סאָרטען קאַנסערס. אַ מענליכער און אַ ווייבליכער, און וועהרענד די מענליכע קאַנסערס זיינען גענוג שעדליך, זיינען עס אָבער די ווייבליכע קאַנסערס וועלכע זיינען געפעהרליך, דאָס זיינען אַלץ פאַנטאַסטישע מעשיות.

אַ קאַנסער איז אַן **אַבנאָרמאַלע** געוויקס פון קערפּער צעלען. אין אַ טהייל פון קערפּער וואו די דאָזיגע צעלען באַלאַנגען ניט.

כדי דאָס בעסער צו פאַרשטעהן איז נויטיג צו וויסען ווי אַזוי און פון וואָס אונזער קערפּער איז צונויפגעשטעלט.

פונקט ווי אַ געביידע באַשטעהט פון אַ סך ציגעל און שטיינער, צונויפגעשטעלט אין אַ געוויסער אָרדנונג און צונויפגעקלעפּט מיט צעמענט, אַזוי באַשטעהט אונזער קערפּער פון אָהן אַ צאָהל פאַרשיידענע צעלען, צונויפגעשטעלט

אין אַ געוויסער אָרדנונג, און איינגעטיילט אין פאַרשיי־דענע גלידער, אָדער קערפער־טהיילען.

די דאָזיגע צעלען (אָדער די איינצעלנע ציגעל אין אונ־זער קערפער־געביידע) אונטערשיידען זיך איינע פון די אַנ־דערע לויט דעם טהייל קערפער וואָס זיי פאָרמירען און לויט דער פונקציע, אָדער די אַרבייט, וואָס זיי האָבען צו טאָן.

די צעלען פון די ביינער זעהן אויס אַנדערש און טהוען זייער אַרבייט אַנדערש ווי די צעלען פון די נערוועז, אָדער פון די מוסקולען, אָדער פונ׳ם בלוט. יעדע צעלע איז אַזוי פאָרמירט דאָס זי זאָל אָם בעסטען קאָנען דורכפיהרען די אַרבייט פאַר וועלכער זי איז געשאַפען.

אָבער אַלע צעלען, אַזוי לאַנג ווי זיי לעבען, האָבען צוויי אויפגאַבען פאַר זיך. ערשטענס דאַרפען זיי וואַקסען, זיך פאַרמעהרען און אויפהאַלטען די גאַנצקייט פונ׳ם גליד פון וועלכען זיי זיינען אַ טהייל. און צווייטענס דאַרפען זיי טאָן אַ געוויסע אַרבייט צו וועלכער זיי זיינען באַשטימט געוואָ־רען.

צום ביישפיל: די נערוו־צעלען דאַרפען פיהרען איינדריי־קע צו און פון מאַרך. די מוסקול־צעלען דאַרפען זיך איינ־ציהען און אויסציהען, ווערען לענגער און קורצער און דער־מיט באַוועגען די ביינער צו וועלכע זיי זיינען צוגעטשע־פעט. די צעלען פון די פאַרשיידענע אינערליכע דריזען דאַר־פען אויסאַרבייטען זייער באַשטימטע פליסיגקייט, די רויטע בלוט צעלען דאַרפען אויפנעהמען און אָפּגעבען „אָקסידזשען" (זויער שטאָף), א. א. וו. ווייטער.

ווען אַ קינד הויבט נאָר וואָס אָן זיך ענטוויקלען אין דער געבעהר־מוטער פאַרשווענדען די צעלען פון קינד׳ס קער־פער, זייער גאַנצע ענערגיע אויף וואַקסען און פאַרמעהרען זיך. פון איין קליינינקער, מיקראָסקאָפּישער צעלע, ווערט אין פאַרלויף פון עטליכע מאָנאַטען פאָרמירט אַ גאַנצער קער־פער, מיט אַ סך גלידער, וואָס באַשטעהט פון אונצעהליגע בי־ליאָנען צעלען.

עטוואָס שפּעטער, ווען דעם קינד'ס קערפּער איז שוין מעהר ענטוויקעלט, אָבער נאָך אַלץ אין דער געבעהר מוטער, הויבען אָן די צעלען אויך צו דערפילען אַ טהייל פון זייערע פונקציעס.

דאָס האַרץ הויבט אָן קלאַפּען, דאָס הייסט די מוס־קול צעלען פון האַרץ הויבען אָן זיך איינציהען און אויס־ציהען. די בלוט צעלען הויבען אָן צירקולירען און אויפנעה־מען נאַהרונג און פרישע לופט פון דער מוטער'ס בלוט. די צעלען פון מאָגען און פון די קישקעס הויבען אָן ווערען טהע־טיג.

ווען דאָס קינד ווערט געבוירען האָט שוין יעדע צעלע פון קערפּער איהר באַשטימטע אַרבייט צו טאָן. און אַ טהייל פון זייער ענערגיע גיבען שוין די צעלען אַוועק אויף אַר־בייטען. אָבער די גרעסטע טהייל פון זייער ענערגיע פאַר־שווענדען די צעלען נאָך אַלץ אויף וואַקסען און פאַרמעה־רען זיך. מעהר נייע צעלען ווערען געשאַפען ווי עס ווערען צושטערט, און דער רעזולטאַט איז אַז דאָס קינד האַלט אין וואַקסען, ווערט העכער, ברייטער, שווערער.

ווען מיר ווערען אַרום פינף און צוואַנציג יאָהר אַלט הע־רען מיר אויף צו וואַקסען. פון דאַן אָן ווערט נאָר אַ קליי־נער טהייל פון דער לעבענס ענערגיע וואָס די צעלען באַ־זיצען פאַרוועגדעט אויף צו פאַרריכטען די אָפּגענוצטע קער־פּער טהיילען דורך שאַפען נייע צעלען צו פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון די וואָס ווערען צושטערט אָדער שטאַרבען אַלס אַ נאַטירליכע פאָלגע פון זייער טהעטיגקייט. די גאַנצע אי־בעריגע ענערגיע זייערע פאַרנוצען די צעלען אויף צו טאָן זייער באַשטימטע אַרבייט.

פאַר וואָס די צעלען הערען אויף צו וואַקסען אַזוי גיך אָדער אַזוי פיעל ווי פריהער ווייסען מיר ניט. וואָס פאַר אַ קראַפט עס רעגולירט דעם וואוקס פון די פאַרשיידענע גלי־דער און דערלאָזט ניט, צום ביישפיעל, אַז איין פינגער זאָל וואַקסען אַ סך לענגער ווי די אַנדערע פינגער, אָדער אַז

איין האַנט אָדער איין פוס זאָל ניט וואַקסען לענגער פון צווייטען ווייסען מיר אויך ניט.

א געוויסע קראַפט, וואָס מיר פאַרשטעהען נאָך ניט, שיינט אויסצואיבען אַ שטריינגע קאָנטראָל איבער'ן וואוקס פון די קערפער צעלען, און גיט אַכטונג דאָס נאָר אַזוי פיעל נייע צעלען זאָלען פאַרמירט ווערען וויפיעל עס ווערען צו־שטערט. דערמיט ווערט אויפגעהאַלטען דער באַלאַנס, די גלייכגעוויכט צווישען די צעלען וואָס שטעלען צונויף די איינצעלנע גלידער, און צווישען די איינצעלנע גלידער וואָס שטעלען צונויף אונזער קערפער.

פאַסירט אָבער אַמאָל דאָס געוויסע צעלען אין אַ טהייל פון קערפער פאַרלירען איבער זיך דעם קאָנטראָל, הויבען אָן וואַקסען „משוגענרווייז" און זיך פאַרמעהרען זעהר גיך. אַזעלכע צעלען נעהמען אָן צוריק דעם פרימיטיווען כאַראַק־טער וואָס זיי האָבען געהאַט ווען דעם קינד'ס קערפער האַט נאָר וואָס אָנגעהויבען זיך ענטוויקלען. זיי פאַרלירען אין גאַנצען די פעהיגקייט צו טאָן אַ נוצליכע אַרבייט אין קערפער. אַלעס וואָס זיי טוהען און עסען, וואַקסען און פאַר־מעהרען זיך. זיי וואַקסען און פאַרמעהרען זיך אַזוי גיך דאָס זיי דרינגען אַריין צווישען די צעלען פון קערפער טהייל אין וועלכען זיי געפינען זיך און צושטערען יענע געזונטע צעלען.

קאָלאָניעס אָדער גרופעס פון אַזעלכע פרימיטיווע צעלען רייסען זיך אָפ פון דער אָריגינעלער געוויקס, און ווערען דורך דעם לימפף־שטראָם, (וואָס צופיהרט שפייז צו די קער־פער צעלען) פאַרטראָגען צו אַנדערע טהיילען קערפער וואו זיי הויבען אָן וואַקסען, פאַרמעהרען זיך און פאַרמירען נייע קאָלאָניעס. אויף אַזאַ אופן ווערט דער גאַנצער קערפער דורכגעפרעסען פון די דאָזיגע צעלען. די וויכטיגסטע אָרגאַנען פון קערפער ווערען באַשעדיגט, און דער מענש שטאַרבט.

אַ געוויקס פון אַזעלכע פרימיטיווע צעלען ווערט אָנגע־רופען קאַנסער.

# טיומאָר און קאַנסער

אַ סך מענשען וועלכע זיינען ניט געניט באַקאַנט מיט ענגלישער טערמינאָלאָגיע (די באַדייטונג פון ווערטער) פאַר־בייטען אָפט די צוויי ווערטער „טיומאָר" און „קאַנסער". און דאָס פיהרט אַ סך מאָל צו אומזיסטע עגמת נפש, זאָרג און שרעק.

דאָס וואָרט „טיומאָר" מיינט אַ געשווילעכץ. יעדע פאַר־גרעסערונג פון קערפער געוועבען איז אַ טיומאָר. אַ מכה איז אַ טיומאָר, אַ לאָקאַלע געשווילעכץ איז אַ טיומאָר, אַן אי־בערגעוויקס פון צעלען איז אויך אַ „טיומאָר".

יעדע קאַנסער־געוויקס איז דאַרום אַ טיומאָר. אָבער ווייט ניט יעדער טיומאָר איז אַ קאַנסער. אַפילו ווען די געוויקס באַשטעהט פון צעלען וואָס וואַקסען אין אַ פּלאַץ וואו זיי דאַרפען זיך ניט געפינען זיינען זיי דערמיט אַליין נאָך אַלץ ניט קיין קאַנסער צעלען.

פאַראַן אַ טיומאָר וואָס איז אַ געוויקס פון פעט־צעלען. „לייפּאָמאַס" רופט מען זיי.

לייפּאָמאַס זיינען טיומאָרס אָדער געוויקס וואָס באַשטעה־הען פון אַנזאַמלונג פון פעטס. די פעטס איז ניט צעשפּרייט ווי אין אַ נאָרמאַלען צושטאַנד, נאָר איז אָנגעזאַמעלט אין בערגלאך ווי אַ ספּעציעלע געוויקס.

פון וואַנען זיי נעהמען זיך איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט. מען דענקט דאָס זיי געהן איבער בירושה, ווייל מען באַגעג־גענט זיי אָפט אין עטליכע מיטגלידער פון דער זעלבער פאַ־מיליע ווי אויך ביי קינדער פון עלטערען וועלכע האָבען אויך אַזעלכע טיומאָרס. לייפּאָמאַס זיינען ניט געפעהרליכע טיו־מאָרס, און זיי ווערען ניט פאַרוואַנדעלט אין קאַנסערס. עס זיינען דאָ לייפּאָ־ניוראָמאַס־קאָמבינאַציעס פון פעטס און נער־ווען, אָדער פעטס און בלוט רעהרען טיומאָרס, וועלכע זיינען יאָ ערנסטע, אָבער די געוועהנליכע לייפּאָמאַס זיינען ניט שעד־ליך, סיידען זיי וואַקסען אין אַ טהייל פון קערפער וואו זיי

איבען אויס אַ צו גרויסען דרוק אויף די אַרומיגע בלוט רעהרען אָדער נערווען און שאַדען דערמיט דעם מענשען׳ס געזונט.

אין די פאַלען וואו עס געפינט זיך איין ליפּאָמאַ. דאָס הייסט איין פעט-טיומאָר, און ער איז אין אַזאַ פּלאַץ, הינ־טער דער הויט, וואו מען קאָן לייכט צוקומען צו איהם קען מען איהם אויסשניידען. אָבער אין די פאַלען וואו עס געפי־נען זיך אַ סך קליינע ליפּאָמאַס, ספּעציעל אויב זיי פאַר־אורזאַכען ניט קיין שמערצען און דיספיגורירען ניט דעם קערפּער, האָט קיין זינען ניט זיי אויסצושניידען.

וויל מען זי יאָ אויסשניידען איז אויך קיין געפאַהר ניט. ווייל די ליפּאָמאַס, אויב נאָר ניט צו גרויס זיינען געוועהנליך שאַרף אָפּגעטיילט פון די אַרומיגע קערפּער צעלען. און ווען מען שניידט אויף די הויט קאָן מען זיי אָהן שוועריגקייטען אַרויסשיילען פונ׳ם קעפּסאל אין וועלכען זיי געפינען זיך.

אַ צווייטער ביישפּיעל פון אַ טיומאָר וואָס איז ניט אַ קאַנסער איז דער פייברויד טיומאָר וואָס מען באַגעגענט אָפט אין אַ פרוי׳ס געבעהר מוטער.

די געבעהר-מוטער באַשטעהט פון מוסקולען. ווען די מוסקולען ווערען צוצויגען אָדער באַשעדיגט און ווערען פאַר־ריכט פאָרמירט זיך אָפט צווישען די מוסקולען אַ צווייטע געוועב וואָס איז ניט אַזוי עלאַסטיש ווי די מוסקולען. בינ־דעם-געוועבען (פייבראָס טישו) רופט מען עס.

אָפטמאָל פאַסירט אַז די דאָזיגע בינדעס-געוועבען הוי־בען אָן וואַקסען און ענטוויקלען זיך ביז זיי פאָרמירען אַ היבשע געוויקס אָדער אַ טיומאָר.

אַזאַ געוויקס, אַ פייברויד, איז ניט געפעהרליך אָן און פאַר זיך. דאָס הייסט, עס פּראָדוצירט ניט קיינע געפעהר־ליכע שטאָפען, אָדער גיפטען וואָס באַשעדיגען דעם קער־פער, ווי עס איז דער פאַל מיט אַ קאַנסער. עס איז נאָר שעד־ליך דערמיט, וואָס עס וואַקסט ווי אַ שישקע אין אַ בוים, אין דער געבעהר-מוטער און צושטערט די מוסקול געביי פון דער

געבעהר־מוטער. מאַנכע פון די פייברוידס וואַקסען אויך אַזוי גרויס, אַז איינפאַך, צוליב זייער סייז, ווערען זיי שעד־ליך.

אַ פייברויד טיומאָר אין דער געבעהר־מוטער איז טאַקע אַ געוויקס אָבער קיין קאַנסער איז עס ניט.

די שעדליכקייט פון אַ פייברויד ווענדעט זיך אָן דער טייל פון דער געבעהר־מוטער וואו דער פייברויד וואַקסט. אויב ער וואַקסט הינטער דער שליים הויט פון דער געבעהר־מוטער, ביי אַ פרוי, וועלכע האַלט נאָך אין מענסטרואירען, פיהרט עס אָפט צו אַ גרויסען בלוט־פאַרלוסט יעדען מאָנאַט, אַ בלוט פאַרלוסט וואָס קאָן זעהר פיעל שאַדען דער פרוי.

אויב דער פייברויד איז אין דעם מוסקול טייל פון דער געבעהר־מוטער און איז ניט גרויס, איז עס ניט שעדליך, און די פרוי קאָן זיך אוסלעבען אַלע איהרע יאָהרען און גאָרניט וויסען דערפון, אויסער ווען זי פאַרשווייגערט.

קליינע פייברוידס, איבערהויפט ווען זיי זיינען עטליכע אין צאָהל, שטערען דער נאָרמאַלער פונקציע פון דער גע־בעהר־מוטער און ווען עס קומט די ענדערונגס־פעריאָדע ווע־רען זיי געוועהנליך איינגעשרומפען און פאַרקלענערט.

עס זיינען אָבער אויך דאָ פייברוידס, וועלכע וואַקסען שנעל און ווערען צו גרויס. אין אַזעלכע פאַלען, אפילו ווען זיי שטערען ניט די נאָרמאַלע מענסטרואציע, דאַרף מען זיי אויך אויסשניידען.

די אָפּעראַציע איז אַ ניט געפעהרליכע. נאָר ווען די געבעהר־מוטער איז שטאַרק באַשעדיגט מוז מען זי אויסשניי־דען צוזאַמען מיט די פייברוידס.

ווען דאָס פּאַסירט קאָן די פרוי מעהר ניט מענסטרואי־רען, ווייל נאָר די געבעהר־מוטער מענסטרואירט, און ווען די געבעהר־מוטער איז מעהר ניטאָ, איז מענסטרואירען מעהר ניט מעגליך.

אָבער דאָס אויפהערען מענסטרואירען מיינט נאָך ניט דאָס אָנקומען פון דער ענדערונגס־פעריאָדע (מענאָפּאָוז —

טשיינדזש אָוו לייף) אויב די פרוי איז נאָך אַ יונגע, און איהרע אָווארים בלייבען אונבאַריהרט, קומט ניט אָן די ענדערונגס-פעריאָדע, אָבוואהל זי מענסטרואירט ניט מעהר.

אַ פייברויד איז דאַרום אַ טיומאָר. אָבער די צעלען פון דעם טיומאָר דרינגען ניט אַריין צווישען די אַרומיגע צעלען פון דער געבעהר-מוטער. זיי פרעסען ניט אויף די אַרומיגע קערפּער-צעלען און זיי זיינען דאַרום ניט קיין קאַנסערס.

אַ קאַנסער איז אַ געוויקס פון פרימיטיווע צעלען וואָס פרעסען אויף די אַרומיגע קערפּער-געוועבען אין וועלכע זיי וואַקסען און זיי פאַרשפּרייטען זיך אויך צו אַנדערע טיילען פון קערפּער.

ניט אַלע טיומאָרס באַלאַנגען צו דער קאַנסער פאַמיליע.

## געהט די קאַנסער - קראַנקהייט איבער בירושה ?

די פראַגע צי קאַנסער איז אַ ירושה-קראַנקהייט אָדער ניט איז אַ זעהר וויכטיגע פאַר אַלע וועמענס עלטערען אָדער נאָהענטע קרובים ליידען אָדער האָבען געליטען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט.

ליידער איז ניט מעגליך צו ענטפערען אויף דעם מיט אַ פּאָזיטיווען יאָ, אָדער ניין.

אין אַ סך פאַלען באַגעגענט מען די קאַנסער קראַנקהייט אין עטליכע מיטגלידער פון איין פאַמיליע. אין אַ היבשער צאָל פאַלען טרעפט מען קאַנסער אין קינדער פון עלטערען וועלכע האָבען אויך געליטען פון דער קראַנקהייט. אָבער אין דער גרעסטער צאָל פון קאַנסער פאַלען קאָן מען ניט געפינען קיין שום שפּור פון ירושה.

די אָם-מעהרסטען אָנגענומענע מיינונג ביי היינטיגען טאָג איז דאַרום דאָס קינדער פון קאַנסער-ליידענדע עלטערען שיינען צו ירש'נען אַ נייגונג צו דער קראַנקהייט. אָבער די דאָזיגע נייגונג אַליין איז נאָך ניט גענוג צו פאַראורזאַכען אַ קאַנסער געוויקס. עס מוזען אויך זיין די אורזאַכען (רייצונגען אָדער כעמישע סטימולאַנטען וואָס פאַרוואַנדלען

נאָרמאַלע קערפּער־צעלען אין קאַנסער צעלען. אויב די דאָזיגע באַדינגונגען עקזיסטירען וועלען קינדער פון קאַנסער ליידענדע עלטערען גיכער קריגען די קראַנקהייט ווי קינדער פון עלטערען וועלכע זיינען ריין פון קאַנסער.

מיט אַנדערע ווערטער, די וועלכע ירש׳נען אַ נייגונג צו דער קראַנקהייט קאָנען ווייניגער אויסהאַלטען די קאַנסער־שאַפענדע אורזאַכען ווי די וועלכע האָבען אַזאַ נייגונג ניט גע׳ירש׳נט.

אָבער אַזוי ווי די קראַנקהייט געהט ניט איבער דירעקט בירושה, און וועגען די אורזאַכען וואָס רופען אַרויס די קראַנקהייט איז מען נאָך אויך ניט זיכער, דאַרף מען זיך ניט שרעקען טאָמער האָט מען די קראַנקהייט גע׳ירש׳נט. קינדער פון קאַנסער ליידענדע עלטערען קאָנען פּונקט אַזוי גוט אויסלעבען זייערע יאָהרען אָהן קאַנסער ווי די וועמענס עלטערען האָבען ניט געליטען פון קאַנסער. ניט מעהר אַזעלכע קינדער דאַרפען זיין מעהר פאַרזיכטיג און ניט פאַרנאַכלעסיגען די סמנים פון קאַנסער, ווי איך וועל דאָס דערקלערען אין אַ שפּעטערען קאַפּיטעל.

## איז קאַנסער אַן אנשטעקענדע קראנקהייט ?

אַן אנשטעקענדע קראַנקהייט מיינט אַזאַ חולאת מיט וועלכער מען קאָן זיך אָננעהמען ווען מען קומט אין נאָהענטער באַריהרונג מיט אַ מענשען וועלכער איז שוין קראַנק.

אנשטעקענדע קראַנקהייטען ווערען פאַראורזאַכט פון מיקראָבען. מען נעהמט זיך אָן מיט זיי ווען די מיקראָבען געהען איבער דירעקט פונ׳ם קראַנקען צו דעם מענשען וועלכער איז נאָך ניט קראַנק, ווי עס איז דער פאַל מיט טובערקולאָזיס, סקאַרלעט פיבער, לונגען ענטצינדונג, און עהנליכע קראַנקהייטען; אָדער ווען די מיקראָבען געהען איבער אונדירעקט, דורך אַ פאַרמיטלער, ווי עס איז דער פאַל מיט מאַלעריע. אין מאַלעריע קאָן מען זיך ניט אָננעהמען דירעקט פונ׳ם קראַנקען אַליין. די חולאת פאַרשפּרייט זיך דערמיט

וואָס אַ מאָסקיטאָ טראָגט איבער די מיקראָבען פון קראַנקען צום געזונטען מענשען.

אויף ווי ווייט מען ווייסט ביי היינטיגען טאָג, ווי ווייט מען האָט אויסגעפינען פון די אונצעהליגע עקספּערימענטען וואָס מען האָט שוין געמאכט מיט פאַרשיידענע קאַנסערס אין פאַרשיידענע חיות, ווערט די קראַנקהייט ניט פאַראור־זאַכט פון מיקראָבען און קאָן דארום ניט איבערגעהן פון מענש צו מענשען.

אין עקספּערימענטען וואָס מען מאַכט אויף חיות ווען מען וויל איבערטראָגען אַ קאַנסער געוויקס פון איין חיה צו דער אַנדערער, מוז מען אַ קלייניגקע טייל פונ'ם געוויקס איינפלאַנצען אינ'ם קערפּער פון דער געזונטער חיה. די קאַנ־סער צעלען הויבען דאַן אָן וואַקסען און פאַרמעהרען זיך אינ'ם קערפּער פון דער חיה אין וועלכער מען האָט זיי אַרי־בערגעטראָגען.

פון דעם אַלעמען שיינט עס צו זיין זיכער דאָס עס איז קיין שום געפאַהר צו קומען אין נאָהענטער באַריהרונג מיט אַ קאַנסער קראַנקען. מען קאָן זיך מיט זיין חולאת ניט אָנ־שטעקען.

## אַ בינטעל קאַנסער ציפערען.

ווי ווייט פאַרשפּרייט איז די קאַנסער קראַנקהייט? ווי־פיעל מענשען ליידען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט?

קאַנסער פאַרנעהמט איצט אַ זעהר בכבוד'ן פלאַץ אינ'ם צעטעל פון ערנסטע און לעבענס געפעהרליכע קראַנקהייטען. גענוי וויפיעל מענשען עס ליידען פון דער קראַנקהייט ווייסט מען ניט, נאָר אַרום הונדערט מיט פופציג טויזענד מענשען שטאַרבען יעדען יאָהר אין אַמעריקאַ פון קאַנסער. מען רעכנט אַז די צאָל קראַנקע פון קאַנסער איז אַרום 4 מאָל אַזוי פיעל. דאָס מיינט אַז ארום זעקס הונדערט טויזענד מענשען אין אונזער לאַנד זיינען קאַנסער־קראַנקע, און די מעהרסטע פון זיי זיינען צווישען פינף און פערציג און אַכטציג יאָהר אַלט.

די קאַנסער קראַנקהייט עקזיסטירט אין אַלע לענדער, עס ליידען פון איהר מענשען פון יעדער ראַסע, אין יעדען ווינ־קעלע פון אונזער ערד. זי האָט קיין אָבשיי פאַר רייכע און קיין רחמנות אויף די אָרעמע.

עס ליידען פון איהר מענער, פרויען און קינדער. מע־נער ליידען מעהר פון קאַנסער אין זייער פאַרדייאונגס סיס־טעם, (מאָגען און קישקעס), פרויען ליידען מעהר פון קאַנ־סער אין די בריסט, און געבעהר־מוטער, קינדער ליידען מעהר־סטענס פון אַ ספּעציעלען סאָרט קאַנסער וואָס מען רופט „סאַרקאָמאַ“, וועגען וועלכען איך וועל שרייבען אין אַ ספּע־ציעלען קאַפּיטעל.

די קראַנקהייט קאָן אָנגרייפען יעדע טייל פון קערפּער. די הויט, דאָס מויל, די צונג, די לונגען, די בריסט, דעם מאָ־גען, די קישקעס, די דריזען און די געשלעכטס אָרגאַנען. קיין איין טייל פון קערפּער איז ניט באַשיצט געגען דער דאָזי־גער מערדערליכער חולאת. און ווען זי הויבט זיך אָן אין איין קערפּער טייל פאַרשפּרייט זי זיך אויך צו די אַנדערע טיילען. דורך די לימפף קאַנאַלען אָדער דורכ׳ן בלוט (אין פאַל פון סאַרקאָמאַ) ווערען נעסטען פון קאַנסער צעלען פאַרטראָגען צו אַנדערע קערפּער טיילען, און ווען דאָס פּאַסירט איז שוין כמעט אונמעגליך צו ראַטעווען דאָס לעבען פון קראַנ־קען.

## אורזאַכען פון קאַנסער.

ווי איך האָב שוין פריהער דערקלעהרט, באַשטעהט די קראַנקהייט אין דעם וואָס געוויסע צעלען אין אַ טייל פון קערפּער פאַרלירען דעם קאָנטראָל איבער זיך. זיי קעהרען זיך אום צוריק צו זייער אַמאָליגען פּרימיטיווען צושטאַנד, ווי זיי זיינען געווען ווען דעם מענשענ׳ס קערפּער האָט זיך גע־האַלטען אין פאָרמירען אין דער געבעהר־מוטער. זיי הויבען אָן וואַקסען „משוגענערווייז“, פאַרמעהרען זיך זעהר גיך, דרינגען אַריין צווישען די קערפּער צעלען פון די אַרומיגע

געוועבען, פּרעסען אויף און צושטערען די קערפּער טייל אין וועלכער זיי געפינען זיך.

אָבער פאַרוואָס דאָס זאָל פּאַסירען, פאַרוואָס די דאָזיגע צעלען זאָלען פּלוצלינג אָנהויבען וואַקסען און זיך פאַרוואַנד־לען אין פּרימיטיווע אָדער קאַנסער צעלען, דאָס ווייסט מען ניט אויף זיכער. מיט אַנדערע ווערטער, טראָץ אַלע אונטער־זוכונגען און עקספּערימענטען וואָס מען האָט ביז איצט גע־מאַכט איז נאָך אַלץ ניט געלונגען אויסצוגעפינען די אורזא־כע וואָס פאַרוואַנדעלט נאָרמאַלע קערפּער צעלען אין קאַנ־סער צעלען.

עס זיינען דאָ פאַרשיידענע טהעאָריעס, מיינונגען וועגען די אורזאַכען פון קאַנסער, און עס זיינען דאָ פאַקטען צו באַ־שטעטיגען די דאָזיגע מיינונגען. אָבער קיין איינע פון די דער־קלעהרונגען האַלט ניט אויס אין אַלע פאַלען.

איין מיינונג איז דאָס אַ גרופּע פּרימיטיווע צעלען זיי־נען געבליבען פאַרשטעקט ערגעץ וואו אין קערפּער נאָך פון דער צייט ווען דאָס קינד האָט זיך געהאַלטען אין ענטוויק־לען אין דער געבעהר־מוטער. אַזוי לאַנג ווי דער מענש איז געווען יונג און געזונט זיינען די דאָזיגע צעלען געווען ניט אַקטיוו. נאָר אויף דער עלטער, צוליב אורזאַכען וואָס מיר ווייסען נאָך ניט, האָבען די דאָזיגע צעלען זיך אויסגעטשו־כעט פון זייער שלאָף. די קראַפט, וואָס האָט זיי געהאַלטען אין צוים האָט פאַרלוירען איהר ווירקונג אויף זיי, און זיי האָבען אָנגעהויבען וואַקסען און פאַרמעהרען זיך.

א צווייטע מיינונג, וואָס האָט אַ גרויסע צאָל אָנהייגגער צווישען דאָקטוירים איז דאָס אַ לאַנג-דויערענדע רייצונג, אַ פיזישע אָדער אַ כעמישע, קאָן פאַרוואַנדלען אַפילו געוועהנ־ליכע, נאָרמאַלע קערפּער צעלען אין קאַנסער צעלען.

די רייצונג קאָן זיין אַן אויסערליכע, עטוואָס מיט וואָס דער מענש קומט אין באַריהרונג אָדער אַן אינערליכע וואָס ווערט געשאַפען אינ׳ם קערפּער אַלס אַ רעזולטאַט פון ניט גענוג גוט פאַרדייעטע שפּייזען, אָדער פון עטוואָס וואָס מיר נעהמען אַריין אין אונזער קערפּער צוזאַמען מיט אונ־

זער עסען און טרינקען, אָדער פון געוויסע כעמישע ביי־פּראָ־
דוקטען וואָס ווערען געשאַפען בעת אונזער שפּייז ווערט מעַ־
טאַבליזירט — פאַרנוצט אין קערפּער.

אינ׳ם שטודירען דעם כאַראַקטער פון קאַנסער צעלען, האָט מען אַנגעזאַמעלט אַ גרויסע צאָל פאַקטען וואָס צייגען דאָס אַ כראָנישע רייצונג פון געוויסע הויט־צעלען קאָן מיט דער צייט פאַראורזאַכען אַ קאַנסער געוויקס. קאַנסער פון דער ליפּ, צונג און מויל ווערט דערקלעהרט אויף אַזאַ אופן. עס איז אויך באַוויזען געוואָרען, דורך עקספּערימענטען אויף חיות, דאָס געוויסע כעמישע שטאָפען ווען איינגעשפּריצט אין קערפּער פון די חיות פאַראורזאַכען אַ קאַנסער געוויקס. דאָס זאָל באַשטעטיגען די מיינונג דאָס געוויסע כעמישע שטאָפען וואָס פאַרמירען זיך אין קערפּער זיינען פאַראַנט־וואָרטליך פאַר אַ סך קאַנסער פאַלען.

עס איז אָבער אַ פאַקט דאָס אַלע מיינונגען (און עס זיי־נען דאָ אַ סך) וועגען דעם ווי אַזוי און פאַרוואָס קאַנסער ענטוויקעלט זיך אין קערפּער פון אַ מענשען, זיינען נאָר טעאָריעס געשטיצט אויף אַ באַשריינקטער צאָל פאַקטען וואָס קאָנען זיין גילטיג אין עטליכע אָבער ניט אין אַלע פאַלען פון קאַנסער.

מיר זיינען דאָרום געצוואונגען אָנצונעהמען די מיינונג דאָס עס איז מעגליך אַז קאַנסער האָט ניט איינע נאָר אַ סך אורזאַכען. און פאַרשיידענע אורזאַכען רופען אַרויס פאַרשיי־דענע פאָרמען פון קאַנסער.

די לאָגישסטע טעאָריע שיינט צו זיין דאָס אינ׳ם קער־פּער הערשט אַ געוויסע האַרמאָניע צווישען פאַרשיידענע צעלען אין יעדער טייל פון קערפּער און צווישען די פאַרשיי־דענע גלידער וואָס שטעלען צונויף דעם קערפּער. די קראַפט וואָס איבט אויס דעם דאָזיגען קאָנטראָל אויפ׳ן וואוקס און פאַרמעהרען זיך פון די צעלען, ווי אויך אויף זייער טהעַ־טיגקייט האָבען מיר נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אויסגעַ־פינען.

צי די דאָזיגע האַרמאָניע ווערט אויפגעהאַלטען פון די

וויטאמינען אין אונזער שפייז, אָדער פון די האָרמאָנען וואָס אונזערע דריזען שאַפען אָדער פון עטוואָס אַנדערש וואָס דער קערפּער ציהט אַרוים פון אונזער שפייז ווייסט מען ניט. איין זאַך שיינט צו זיין זיכער, אין די פאַלען וואו קאַנסער ענט־וויקעלט זיך האָט עטוואָס פּאַסירט וואָס האָט צושטערט די...... האַרמאָני, אָדער געבראָכען די קאָנטראָל איבער׳ן וואוקס פון די קערפּער־צעלען, און די דאָזיגע צעלען, באַפרייט פון קאָנ־טראָל איבער זיך האָבען זיך צואוואַקסען און זיך צוריק גע־קעהרט צו זייער פּרימיטיוועז, „עמבריאָנישען״ צושטאַנד.

## פאַרשיידענע סאָרטען קאַנסערס

קאַנסער איז ניט איין קראַנקהייט נאָר אַ גרופּע קראַנק־הייטען. די פאַרשיידענע מיטגלידער פון דער גרופּע, וואָס געהן אַלע אונטערן נאָמען קאַנסער אונטערשיידען זיך זעהר פיעל איינע פון די אַנדערע.

עס זיינען דאָ קאַנסערס וועלכע ענטוויקלען זיך זעהר לאַנגזאַם, זיינען זעהר סענסיטיוו צו רעדיום שטראַהלען און אויב זיי געפינען זיך אין אַ טייל פון קערפּער וואו מען קאָן זיי גרינג און גיך דערקאָנען, (ווי אויף דער הויט, צום ביי־שפּיעל) קאָן מען די קאַנסער צעלען גרינג צושטערען און דעם מענשען קורירען. עס זיינען אויך דאָ אַנדערע קאַנסער געוויקסען וועלכע ענטוויקלען זעהר גיך, די צעלען זיינען ניט סענסיטיוו צו ראַדיום שטראַהלען, דאָס הייסט אַז די אַנ־ווענדונג פון ראַדיום העלפט ניט אין אַזעלכע קאַנסערס. און עס איז ניט מעגליך אָפּצושטעלען דעם שאָדען און דאָס פאַרשפּרייטען זיך פון אַזאַ געוויקס.

פאַרהאַן אַ גאַנצע גרופּע פון די קאַנסער קראַנקהייטען וואָס ווערט באַצייכענט מיט׳ן נאָמען: „סאַרקאָמאַס״. גע־וועהנליכע קאַנסערס, אָדער „קאַרסינאָמאַס״, גרייפען אָן מעהרסטענס עלטערע מענשען, מענשען אין פינפטען צעהנד־ליג יאָהר פון זייער לעבען אָדער עלטער. זיי פאַרמירען זיך

מעהרסטענס אין אַ דריזען־עהנליכע פאָרמע (אַדענאָ־קאַרסי־נאָמאַ) און זיי פאַרשפּרייטען זיך פון איין טייל קערפּער צום אַנדערען דורך די לימפף־קאַנאַלען (די קאַנאַלען דורך וועלכע די שפּייז ווערט געפיהרט פונ׳ם בלוט צו די איינצעלנע צעלען).

„סאַרקאָמאַס״ גרייפען אָן מענשען אין יעדען עלטער, קליינע קינדער, יונגע דערוואַקסענע מענשען און זקנים. די סאַרקאָמאַ־געוויקס קאָן זיך ענטוויקלען אין יעדער טייל פון קערפּער, אין די ביינער, אין די מוסקולען, די הויט, די לונגען, דעם מאַרך, און זיי פאַרשפּרייטען זיך דורכ׳ן בלוט. דאָס הייסט צעלען פון דער געוויקס רייסען זיך אָפּ, דרינגען אריין אין די בלוט רעהרען און ווערען, פונ׳ם בלוט שטראָם פאַר־טראָגען וואוהין דאָס בלוט דערגרייכט נאָר.

צווישען די סאַרקאָמאַס זיינען דאָ מילדע געוויקסען. זיי ענטוויקלען זיך לאַנגזאַם, בלייבען אַ לאַנגע צייט אויף איין פּלאַץ אין קערפּער און ווערען זעהר גרינג באַווירקט פון רע־דיום שטראַהלען און עס זיינען ערנסטע געוויקסען, ספּעצי־על די ביין קראַנקהייט (אָסטיאָ סאַרקאָמאַ) וועלכע גרייפט אָן מעהרסטענס יונגע קינדער און איז אַזוי געפעהרליך דאָס זי טויטעט איהרע קרבנות אין אַ פאַרעלטניסמעסיג קורצער צייט. אַפילו עקס־רעי אָדער רעדיום שטראַהלען האָבען קיין ווירקונג ניט אויף זיי.

עס איז דאַרום ניט מעגליך אָנצונעהמען דאָס אַזעלכע פאַרשיידענע קאַנסער געוויקסען וואָס אונטערשיידען זיך אַזוי שטאַרק אין זייער געביי, זייער וואוקס, זייער פאַר־שפּרייטען זיך און זייער שאַדען פאַר׳ן קערפּער זאָלען אַלע קומען פון איין אורזאַכע. און עס איז דערפאַר ניט מעגליך צו דערוואַרטען אַז מען וועט אַמאָל אויסגעפינען די איינצי־גע אורזאַכע פאַר קאַנסער. גיכער קאָן מען גלויבען דאָס פאַר־שיידענע קאַנסער, אויף פאַרשיידענע טיילען פון קערפּער ווערען פאַראורזאַכט פון פאַרשיידענע זאַכען וואָס סטימולירען דעם וואוקס פון די קאַנסער צעלען.

# די סמנים פון קאַנסער

וואָס זיינען די סמנים לויט וועלכע מען זאָל דערקאָנען די קאַנסער קראַנקהייט?

ליידער זיינען די אָנהויב סמנים פון קאַנסער ניט גענוג דייטליכע מען זאָל זיי גלייך דערקאָנען, אָדער דערקאָנען פריהצייטיג גענוג איידער די קראַנקהייט האָט פאַראורזאַכט פיעל שאָדען. די ענטוויקלונג פון דער קראנקהייט איז אין די מעהרסטע פאַלען אַזאַ גיכע דאָס ווען דער פאַציענט וואַרט צו לאַנג, ביז די דייעגנאָזים איז אַ פאָזיטיווע, איז דער קאַנסער שוין צופיעל איינגעפרעסען אין קערפער.

ווען א קאַנסער געוויקס איז אויף אַן אויסערליכע טייל פון קערפער, ווי אויף דער הויט, די ליפען, די צונג אָדער דאָס פנים איז עס ניט שווער צו דערקאָנען באַלד אין אָנהויב, און מען קאָן אויך, אָהן פיעל שוועריגקייטען, פעסטשטעלען דעם אמת׳ן כאַראַקטער פון דער קראַנקהייט. צוםביישפיעל, אַ קאַנסער אויף דער הויט פון פנים הויבט זיך אָן, אין די מעהרסטע פאַלען, ווי אַ קליינער וואונד, א בראָדעווקע, אדער אַ „פימפעל" אויף אַ באַק, אונטערן אויג, אויף אַן אויגען־דעקעל, אָדער אויף אַ ליפ. די בראָדעווקע אָדער דאָס „פימפעל" בלוטעט אָפט. די וואונד פארהיילט זיך ניט. מאָנאטען און אמאל יאָהרען געהן פארביי ביז פון דער קליינער געוויקס ווערט אַ גרעסערע וואונד וואָס פאַרשפרייט זיך און ווערט וואָס אמאל גרעסער.

אזא קאנסער וואַקסט זעהר לאַנגזאַם און מען קאָן צו איהם זעהר גרינג צוקומען צו קורירען.

אַנדערש איז אָבער דער פאל ווען די געוויקס הויבט זיך אָן ענטוויקלען אין די אינערליכע טיילען פון קערפער, ווי אין מאָגען, אין די קישקעס, אין דער פענקריעז דריזע, אין דער געבעהר־מוטער, אין דער פראָסטאַטע, אין די ביינער אָדער אין איינעם פון די אנדערע אינערליכע אָרגאַנען. אויסערליך קאָן מען, אין אָנהויב, אזא געוויקס ניט זעהן, און די שמער־צען אָדער אַנדערע דייטליכע סמנים וואָס אזא געוויקס פאר־

אורזאכט קומען ליידער ניט פריה גענוג צו קאָנען ווארנען דעם מענשען געגען דער געפאהר אין וועלכער ער געפינט זיך.

עס איז דאַרום בעסער צו זיין צופיעל פאָרזיכטיג איידער ניט פאָרזיכטיג גענוג. עס איז בעסער צו פאַרדעכטיגען קאַנסער און א גענויע אונטערזוכונג זאָל צייגען אַז דאָס איז ניט קיין קאַנסער, איידער ווארטען צו לאַנג און אויסגעפינען דאָס עס איז יאָ קאַנסער.

דערפאַר איז וויכטיג צו געדענקען אַז יעדער מיטעל־יעהריגער אָדער עלטערער מענש קאָן אָנגעגריפען ווערען פון דער קאַנסער קראַנקהייט. אום זיך באַוואָרענען געגען אַ מעגליכער פאַרנאכלעסונג פון אזא צושטאנד דארף אזא מענש זיך ווענדען צו אַ קאָמפעטענטען דאָקטאָר אזוי גיך ווי ער באַמערקט אין זיך סמנים פון וועלכער עס איז קראַנקהייט.

יעדער מיטעל יעהריגער מענש, וועלכער האָט פריהער ניט געליטען פון א מאָגען אונאָרדנונג, און ער הויבט פלוצלינג אָן יאָ צו ליידען דערפון, דארף זיך באלד ווענדען צו א דאָקטאָר פאר א גרינדלעכער אונטערזוכונג. ספּעציעל מוז ער עס טאָן, אויב ער הויבט אויך אָן ליידען פון בלוט אָרעמקייט, און ער פארלירט געוויכט.

יעדע דערוואקסענע פרוי וועלכע בלוטעט צופיעל אָדער צו אָפט, ספּעציעל, אין דער צייט פון איהר ענדערונגס פּעריאָדע, און יעדע פרוי וועלכע הויבט אָן בלוטען נאָכדעם ווי זי האָט שוין אויפגעהערט מענסטרואירען, מוז זיך גלייך לאָזען אונטערזוכען ביי א דאקטאר.

יעדער מיטעל יעהריגער אָדער עלטערער מענש, וועלכער ליידט פון אַ פארגרעסערטע פּראָסטאטע (ווען ער האָט שוועריגקייטען ביים לאָזען וואסער, אָדער ער מוז אויפשטעהן עטליכע מאָל ביינאַכט צו לאָזען וואסער) דארף זיך לאָזען אונטערזוכען ביי א דאקטאר. אין די מעהרסטע פאלען איז די פארגרעסערונג פון דער פּראָסטאטע א געוועהנליכע (א פארהארטונג), אין אַ געוויסער צאָל פאַלען ענטוויקלט זיך אויך אַ קאַנסער געוויקס אין דער דריזע.

יעדע פרוי, יונג, מיטעל יעהריג אָדער עלטערע, וועלכע באמערקט א גוליע אין איינער פון איהרע בריסט מוז גלייך צוגעהן צו אַ דאקטאר און אויסגעפינען וואָס די גוליע באדייט. אויב נויטיג דארף מען די גוליע אליין (ניט די ברוסט) אויס־שניידען און אונטערזוכען. אַרום פופצעהן טויזענד פרויען שטארבען יעדען יאָהר אין אמעריקא פון בריסט קאנסער. ארום צעהן טויזענד פון זיי וואָלט מען געקאָנט ראטעווען ווען מען אפערירט זיי באצייטענס.

יעדער מענש וועלכער באמערקט דאָס ער ווערט געל, (געלזוכט) ספעציעל אויב דאָס ענטוויקעלט זיך לאנגזאם און אָהן שמערצען, מוז זיך, אזוי גיך ווי מעגליך ווענדען צו אַ דאָקטאָר. קאַנסער אין דער פּענקריעז דריזע ענטוויקעלט זיך מיט אַזעלכע סמנים.

יעדער מיטעל יעהריגער מענש, אפילו ווען ער פיהלט זיך גאַנץ געזונט, דארף פון צייט צו צייט זיך לאָזען אונטער־זוכען ביי א דאקטאר. דורך אזעלכע פעריאָדישע אונטערזוכונ־גען קאָן מען האָפען צו ענטדעקען קאַנסער קראנקהייטען אין אָנהויב פון זייער ענטוויקלונג, ווען די פאציענטען אליין פיה־לען נאָך ניט די קראנקהייט, און ווען עס איז נאָך מעגליך צו ראַטעווען דאָס לעבען פון קראנקען.

## די מורא צו וויסען דעם אמת

א סך מענשען, ווען זיי פארדעכטיגען דאָס זיי ליידען פון קאנסער, האָבען מורא צו געהן צו א דאקטאר. זיי שרעק־קען זיך טאָמער וועט דער דאָקטאר אויסגעפינען דאָס זיי ליידען טאַקי פון אזא געוויקס, און קאנסער, ווייסען זיי איז ניט קורירבאר. דערפאר ווילען זיי ניט אויסגעפינען אויף זי־כער צו זיי האָבען טאַקי די קראַנקהייט אָדער ניט. זיי האַל־טען זיך אָן דער קינדישער מיינונג דאָס אזוי לאנג ווי זיי ווײ־סען ניט אויף זיכער וועט עס זיי ניט שאדען.

אז דאָס איז אַ קינדעריי איז זעהר גרינג צו פארשטעהן. דאָס ניט וועלען וויסען דעם אמת וועט ניט אפשטעלען די

ענטוויקלונג פון'ם קאַנסער אויב עס איז טאַקי אַזאַ געוויקס, און וואָס לענגער מען וואַרט אַלץ קלענער ווערען די אויס־זיכטען צו קאָנען ראַטעווען דאָס לעבען פון קראַנקען.

פון דער אַנדערער זייט, אויב דאָס איז ניט א קאַנסער געוויקס און מען געפינט אויס באַצייטענס פאַרשפּאָרט דער פּאַציענט צו לעבען אין אומזיסטע טויט שרעק. א סך פּאַ־ציענטען פאַראומערען זיך די טעג מיט די יאָהרען און ווערען קראַנק פון אנגסט און זאָרג, גלויבענדיג דאָס זיי ליידען פון אַ קאַנסער, וואָס זיי האָבען ניט.

אַלס ביישפּיעל ווי אַזוי די אומזיסטע מורא פאַר קאַנסער קאָן אָנטאָן א סך שאָדען, קאָן דינען פאָלגענדער פאַקט פון מיין אייגענער ערפאַהרונג.

מיט אַכט יאָהר צוריק האָט א פרוי, עטליכע און דרייסיג יאָהר אַלט, באַמערקט א גוליע אין איהר לינקער ברוסט. זי איז באַלד געקומען צום שלוס אַז זי האַט קאַנסער, און איז שיער ניט געשטאַרבען פון שרעק. וואָכען נאָכאַנאַנד האָט זי זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק דאָס זי האָט קאַנסער. זי האָט אויפגעהערט צו עסען, ניט געקאָנט שלאָפען און האָט אָנגעהויבען פאַרלירען געוויכט.

אַ כירורג וועלכער האָט זי נאָכהער אונטערזוכט האָט איינגעשטימט דאָס עס זעהט אויס ווי א קאַנסער געוויקס, ער האָט אָבער צוגעזאָגט דאָס ער וועט אויסשניידען די גע־וויקס אַליין, לאָזען דאָס גלייך אונטערזוכען אויב עס וועט זיך אַרויסווייזען אַז דאָס איז טאַקי א קאַנסער וועט ער באַלד מאַכען א ראַדיקאַלע אָפּעראַציע און אויסשניידען די ברוסט. אָבער אויב עס וועט זיך אַרויסווייזען אַז דאָס איז ניט קיין קאַנסער, וועט די פרוי מעהר ווי די גוליע אַליין ניט פאַר־לירען.

אין האָספּיטאַל, וואו די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָ־רען איז דער „פּאַטאָלאָג" (דער דאָקטאָר וועלכער האָט גע־דאַרפט אונטערזוכען די אויסגעשניטענע גוליע) געווען זי־כער אַז דאָס איז אַ קאַנסער געוויקס. אָבער ווען ער האָט אויפגעשניטען דעם אַרויסגענומענעם טיומאָר האָט זיך אַרויס־

געוויזען, אַז דאָס איז געווען אַ „סיסט" (אַן אנזאַמלונג פון פליי־סיגקייט), ניט קיין קאַנסער. די ברוסט איז ניט אויסגעשניטען געוואָרען, דער „טיומאָר" איז צוריק ניט אָנגעוואַקסען. די פרוי האָט אומזיסט זיך געשראָקען, און וואָלט זי ניט געווען אפּערירט געוואָרען וואָלט זי אפשר מיט דער צייט גע־שטאָרבען פון שרעק פאַר קאַנסער. די צייטליכע אָפּעראַציע האָט דער פרוי איינגעשפּאָרט אַ סך ליידען.

איך מוז אָבער דערצעהלען וועגען אַ צווייטען פאַל, אויך פון מיין אייגענער ערפאַהרונג, וואָס וועט אילוסטרירען די געפאַהר פון וואַרטען צו לאַנג.

אַ פרוי אין די פופציגער יאָהרען האָט באַמערקט אַ קליי־נינקע גולקעלע אין איהר לינקער ברוסט. מאַנאַטען לאַנג האָט זי דאָס געזעהן, באַטאַפּט, געפיהלט ווי האַרט עס איז. אָבער אַזוי ווי עס האָט ניט וויה געטאָן האָט זי זיך געמאַכט ניט וויסענדיג דערפון.

ערשט מיט אַ צייט שפּעטער האָט איהר מאַן זיך דער־וואוסט דערפון און איהר געבראַכט צום דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט איהר אונטערזוכט און דערקלעהרט דאָס יעדע גוליע אין אַ ברוסט פון אַ מיטעל יעהריגער פרוי דאַרף ארויסגענומען און אונטערזוכט ווערען. אויב עס איז ניט קיין קאַנסער איז דער שאַדען צו דער ברוסט ניט קיין גרויסער, אויב יאָ, און אויב אפּערירט באַצייטענס קאָן עס ראַטעווען איהר לעבען.

ווען די פרוי איז אפּערירט געוואָרען האָט זיך ארויסגע־צייגט אַז דאָס קליינינקע גולקעלע האָט אין זיך געהאַט קאַנ־סער צעלען.

אַ ראַדיקאַלע אָפּעראַציע און אַ סך עקס־רעי באַהאַנדלונ־גען זיינען אַנגעווענדעט געוואָרען אין דעם פאַל. אין אַ יאָהר אַרום האָט מען געמוזט מאַכען אַ צווייטע אָפּעראַציע און נוצען נאָך מעהר עקס־רעי באַהאַנדלונגען. אָבער די פרוי איז געשטאָרבען פון קאַנסער.

קאַנסער אין אַ ברוסט, ווען נאָך קליין און איידער עס האָט זיך פאַרשפּרייט צו די לימפף־דריזען אין אַקסעל, אָדער

צו די לונגען, קאָן מען קורירען דורך אויסשניידען די ברוסט.

דאָס זעלבע קאָן מען זאָגען וועגען קאַנסער אין מאָגען, אָדער וועגען קאַנסער אין דער געבעהר־מוטער. באַלד אין אָנהויב פון זיין ענטוויקלונג קאָן דער קאַנסער קורירט ווערען דורך אויסשניידען די געבעהר־מוטער. אויב די אפעראציע ווערט געמאכט באצייטענס, איידער די קראנקהייט האָט זיך צוואוואקסען און פארשפרייט, קאָן דער מענש געראטעוועט ווערען.

אויך דער פונקט קאָן אילוסטרירט ווערען מיט אַ ביישפיעל וואָס איז מיר פערזענליך באַקאַנט.

אַ פרוי, צוויי און פופציג יאָהר אלט, איז געקומען זיך באַקלאָגען אויף אָפטעס און אונרעגעלמעסיגעס בלוטען, אַבוואהל זי האָט אויפגעהערט מענסטרואירען שוין מיט זיבען יאָהר צוריק.

אין האָספיטאל וואוהין איך האָב די פרוי געשיקט האָט מען געמאכט א „קיורעטאזש״ (אן אויסשאָבונג פון דער שליים הויט אין דער געבעהר־מוטער). קיין אנדער זאך ווי א כראָנישע ענטצינדונג אין דער שליים הויט האָט קיינער ניט פאַרדעכטיגט. אָבער ווען דער „פאַטאָלאָג״ פון האָספיטאל האָט אונטערזוכט די אויסגעשאָבענע שליים הויט האָט ער אין איהר געפונען קאַנסער צעלען.

די פרוי איז דאַן אָפערירט געוואָרען. איהר געבעהר־מוטער האָט מען אויסגעשניטען און גרינדליך אונטערגעזוכט. אָבער קיין שפור פון קאַנסער האָט מען אין איהר ניט געפונען. עס איז געווען נאָר אַן אנהויב פון קאַנסער וואָס איז דערוויייל געווען נאָר אין דער שליים הויט, און גליקליכערווייזע האָט מען דאָס אויסגעפינען און באזייטיגט באַצייטענס, איידער עס האָט זיך פארשפרייט צו דער געבעהר־מוטער.

דאָס אונגליק אין די מעהרסטע פאַלען פון קאַנסער איז וואָס די קראַנקע וואַרטען צו לאנג איידער זיי געהן צום דאקטאָר. זיי זיינען ניט וויליג דורכצומאכען אַלע נויטיגע אונטערזוכונגען כדי פעסטצושטעלען דעם כאַראַקטער פון זייערע קראנקהייט. און אפילו נאָכדעם ווי דער פאַרדאַכט פון קאַנ־

סער איז שוין אַ שטאַרקער וואַרטען זיי אויך צו לאַנג איידער זיי באַשליסען צו לאָזען זיך אָפּערירען. און אין דער גרעסטער צאָל פאַלען ווען זיי זיינען שוין יאָ וויליג האָט די קראַנקהייט זיך שוין צופיעל פאַרשפּרייט אין קערפּער און די לאַגע איז אַן האָפנונגסלאָזע.

## קאָן מען זיך אויסהיטען פון קאַנסער ?

כדי צו קאָנען זיך אויסהיטען פון א קראנקהייט דאַרף מען פריהער וויסען פון וואָס די קראנקהייט ווערט פאראור־זאכט, און וועלכע באדינגונג עס העלפען צוגרייטען דעם באָ־דען אין קערפּער אַזוי דאָס די באַטרעפענדע קראנקהייט זאָל זיך קאָנען ענטוויקלען.

אַ לאַנגע צייט האָט מען געגלויבט דאָס אין די פאַלען אין וועלכע קראנקהייטען ווערען פאַראורזאכט פון מיקראָ־בען, ווי צום ביישפּיעל, אין טובערקולאָזיס, לונגען ענטציג־דונג, אינפלוענזאַ, און עהנליכע, איז נאָר נויטיג דאָס די באַ־טרעפענדע מיקראָבען זאָלען זיך אריינכאפּען אין קערפּער און דער מענש ווערט שוין קראַנק.

מען האָט אָבער באַמערקט דאָס פון אַ סך מענשען וועל־כע זיינען אויסגעזעצט דער געפאַהר פון אריינקריגען אין זיי־ער קערפּער דיזעלבע מיקראָבען ווערען נאָר עטליכע קראַנק און די אנדערע ניט.

דערפון האָט מען זיך אָנגעשטויסען אז דער קערפּער דאַרף זיין אין אזא צושטאנד וואָס זאָל מעגליך מאכען פאר די מיקראָבען זיך צו ענטוויקלען און פאַראורזאכען זייער שאָ־דען. אויף געזונטע, גוט גענערהרטע און גוט־אויפגעפּאַסטע קערפּערס האָבען אַ סך קראַנקהייטען קיין ווירקונג ניט. די נאַטירליכע ווידערשטאַנדס אָדער פארטיידיגונגס קרעפטען, וועלכע דער קערפּער פאַרמאָגט באַשיצען איהם.

צוויי זאכען זיינען דארום נויטיג כדי זיך צו קאָנען אויס־היטען פון קראַנקהייטען. ערשטענס, אויב מען ווייסט וואָס

עס פאַראורזאַכט די קראַנקהייט, דאַרף מען אויסמיידען די דאָזיגע אורזאַכען. מען דאַרף אויך אויסמיידען יעדע זאַך וואָס די ערפאַהרונג האָט געצייגט, דאָס עס קאָן זיין אַ מעג־ליכע אורזאַכע פון דער באַטרעפענדער קראַנקהייט. און, צווייטענס, דאַרף מען אויפהאַלטען דאָס געזונט אין אַלגעמיין אין אַ גוטען צושטאַנד. אָפּהיטען דעם קערפּער ער זאָל זיין גוט גענעהרט, באַשיצט געגען מעגליכע באַשעדיגונגען, זיין ניט אויסגעמאַטערט, ניט צופיעל אָפּגעשוואַכט.

עס איז אויך דאָ אַ דריטער מיטעל. אָבער דאָס איז שוין אין פאַל מען האָט זיך ניט אויסגעהיט. דאָס מיטעל איז ניט צו פאַרנאַכלעסיגען די פריהסטע סמנים פון אירגענד וועלכער אונאָרדנונג, כדי צו פאַרהיטען אַז אַ לייכטע קראַנקהייט זאָל זיך ניט ענטוויקלען אין אַן ערנסטער.

איצט לאָמיר זעהן ווי אַזוי מען קאָן אָנווענדען די דאָזיגע כללים צו קאַנסער.

איינע פון די אורזאַכען פאַר קאַנסער איז, ווי מען דענקט, אַ כראָנישע רייצונג. אין אירלענד (Ireland) צום ביי־שפּיעל, באַגעגענט מען אַ סך פאַלען פון קאַנסער אויף די ליפּען. די איירישע רויכערען זעהר אַ סך פון קורצע, ליימע־נע לולקעס, (פּייפּס). מען דענקט דאַרום אַז די הייסע ליי־מענע הענטלאַך פון די לולקעס פאַראורזאַכען אַ רייצונג אין די הויט צעלען פון זייערע ליפּען, און ווען די דאָזיגע רייצונג האַלט אָן יאָהרען נאָכאַנאַנד פיהרט עס צו דער ענטוויקלונג פון אַ קאַנסער אויף אַ ליפּ.

דאַרף מען דאַרום אויסמיידען יעדע סאָרט לאַנג דויערנדע כראָנישע רייצונג.

שאַרפע, שפּיציגע, אָפּגעבראָכענע אָדער אינפעקטיווע ציינער פאַראורזאַכען אָפט אַ רייצונג אין מויל אָדער פון דער צונג. שלעכט צוגעפּאַסטע ציינער פלאַטען פיהרען אָפט צו וואונדען אין די יאַסלעס אָדער דעם גומען. אַ סך מענשען ליידען פון מויל־קאַנסער. דאַרף מען דאַרום באַזייטיגען און אויסמיידען אַזעלכע אורזאַכען פון אַ כראָנישער רייצונג אין

מויל, ווי שלעכטע ציינער אָדער שלעכט-צוגעפּאַסטע ציינער-פּלאַטעס.

הויט-קאַנסער ווערט אָפט פאַראורזאַכט פון אַ לאַנג-דויערענדער רייצונג אין דער הויט דורך עטוואָס מיט וואָס די הויט קומט אין באַריהרונג. מען דאַרף דאַרום דאָס אויסמיידען. די וועלכע קומען אין באַריהרונג מיט כעמישע שטאָפען, ספּעציעל מיט קויהל-טאָר פּראָדוקטען, וועלכע רייצען די הויט זעהר שטאַרק, דאַרפען זיין באַזונדערס פאָרזיכטיג, זיי דאַרפען זיך באָדען יעדען טאָג און האַלטען זייער הויט ריין. מען טאָר אויך ניט אליין פּרובירען באַזייטיגען, מיט מעסער אָדער מיט כעמישע מיטלען, בראָדעוווקעס אָדער אַנדערע הויט געוויקסען (מאָלס). קאָלירטע, (שווארצע) „מאָלס" זיינען אָפט פאַרגעננגער פון הויט קאַנסערס.

אַ סך מענשען ליידען פון קאַנסער אין ושט און אין מאָגען. האָבענדיג אין זינען דאָס לאַנג דויערענדע רייצונגען קאָנען פאַראורזאַכען אזעלכע קאַנסערס דאַרף מען אויסמיידען יעדע זאַך וואָס קאָן פאַראורזאַכען אזא רייצונג. הייסע שפּייזען, שטאַרק געווירצטע שפּייזען, שאַרפע געטראַנקען, שלינגען ניט גוט-געננג צוקייעטע שפּייז, עסען ניט פאַרדייליכע שפּייזען און אַלעם וואָס קאָן פאַראורזאַכען א רייצונג אָדער אַ כראָנישע ענטצינדונג אין מאָגען, דאַרף מען אויסמיידען.

די וואָס ליידען פון מאָגען ענטצינדונגען אָדער מאָגען „אַלסערס" (וואונדען) טאָרען עס ניט פאַרנאַכלעסיגען. עס איז דאָ אַ מיינונגס פאַרשידענהייט צווישען דאָקטוירים וועגען דער פראַגע צי אַ לאַנג-דויערנדער מאָגען-אָלסער (וואונד) ווערט מיט דער צייט פאַרוואַנדעלט אין אַ קאַנסער געוויקס. מאנכע דאָקטוירים (און אזעלכע ערפאהרענע דאָקטוירים ווי די פונ'ם באַריהמטען מעיאָ קליניק) גלויבען אַז יאָ. זיי דענקען דאָס די כראָנישע רייצונג פון די צעלען ארום דער וואונד אינ'ם מאָגען פאַרוואנדעלט די דאָזיגע צעלען, מיט דער צייט, אין אַ קאַנסער געוויקס.

אַנדערע דאָקטוירים זיינען ניט איינשטימיג מיט אזא מיינונג. די צווייפלער דענקען דאָס אין די פאַלען אין וועלכע מען

געפינט אַ קאַנסער געוויקס און א וואונד (אָלסער) אינ׳ם זעלבען מאָגען, איז די קראַנקהייט באַלד אין אָנהויב געווען א קאַנסער געוויקס און די וואונד האָט זיך ענטוויקעלט דורך דער צושטערונג פון די קאַנסער-צעלען.

ווי דאָס זאָל ניט זיין, איז בעסער צו זיין צופיעל פאָרזיכטיג איידער ניט פאָרזיכטיג גענוג. מענשען וועלכע ליידען פון מאָגען אָלסערס (וואונדען) טאָרען זייער צושטאַנד ניט פארנאַכלעסיגען.

איך האָב שוין פריהער באַמערקט דאָס אַ סך פרויען ליידען פון ברוסט-קאַנסער און פון קאַנסער אין דער געבעהרמוטער. ניט אַלע מאָל איז מעגליך זיך אויסצוהיטען פון דער קאַנסער ענטוויקלונג אין די דאָזיגע קערפּער טיילען. עס איז אָבער יאָ מעגליך צו פאַרכאַפּען די קראַנקהייט באַצייטענס איידער זי פארגעהט צו ווייט.

יעדע גוליע אין א פרויען ברוסט קאָן זיין אַן אָנהויב פון קאַנסער. זיך מאַכען ניט וויסענדיג און וואַרטען צו זעהן וואָס פון דער גוליע וועט ווערען טאָר מען ניט. אויסשניידען די גוליע און זי אונטערזוכען איז דער זיכערסטער וועג ווי צו פאַרהיטען די ענטוויקלונג פון ברוסט קאַנסער.

דאָס זעלבע איז מיט אירגענד וועלכער אונאָרדנונג אָדער פלוס אין דער געבעהר מוטער, ספּעציעל ביי מיטעל-יעהריגע און עלטערע פרויען. אַ צייטיגע אונטערזוכונג קאָן העלפען באַשטימען דעם כאַראַקטער פון דער קראַנקהייט אָדער פאַרהיטען אַ קאַנסער געוויקס איידער עס ווערט צו שפּעט.

מיט איין וואָרט: אויפהאַלטען דעם קערפּער אין א געזונטען צושטאַנד. איהם ניט אויסמאַטערען און ניט באַשעדיגען מיט שעדליכע עסענס און געטראַנקען. אויסמיידען יעדע כראָנישע רייצונג אין אירגענד וועלכע טייל פון קערפּער, און ניט פאַרנאַכלעסיגען קיין אַבנאָרמאַליטעט וואָס מען באַמערקט אין קערפּער, דאָס זיינען די מיטלען און דאָס איז דער וועג ווי אזוי אויסצומיידען, אויף ווי ווייט עס איז מעגליך אויסצומיידען, די ענטוויקלונג פון קאַנסער.

# באהאַנדלונג

קיין „קיור” פאַר קאַנסער איז נאָך ניטאָ. ביז איצט איז נאָך ניט געלונגען אויסצוגעפינען אירגענד וועלכען מיטעל מיט וועלכען מען זאָל קאָנען באאיינפלוסען דעם וואוקס פון קאַנסער אָדער דעם טויט פון קאַנסער צעלען.

(איין אויסנאַהם צו דעם כלל איז קאַנסער פון דער פראָסטאַטע וועגען דעם וועל איך שרייבען אַ באַזונדער קאַפיטעל).

ביי היינטיגען טאָג האָבען מיר נאָר צוויי וואָפען געגען דער דאָזיגער קראַנקהייט: 1) דאָס מעסער, און 2) די שטראַהלען פון רעדיום און די עקס-שטראַהלען.

אין די פאַלען אין וועלכע די קאַנסער געוויקס איז נאָך לאָקאַליזירט, און איז ניט אין אַ לעבענס וויכטיגען אָרגאַן, ווי דער לעבער אָדער דער מאַרך, איז דער בעסטער און זיכערסטער וועג ווי איהם צו באַקעמפען — אויסשניידען די טייל קערפּער אין וועלכען ער וואקסט. דער דערפאָלג פון אַזאַ אָפּעראַציע ווענדעט זיך אָן דעם צי זי ווערט געמאכט איידער די קאַנסער-צעלען האָבען זיך פאַרשפּרייט אויך צו אַנדערע טיילען פון קערפּער. אויב מען געפינט שוין אַזעלכע קאָלאָניעס פון קאַנסער צעלען אין אַנדערע קערפּער-טיילען איז שוין צו שפּעט פאַר אַן אָפּעראַציע.

די עקס און די ראַדיום שטראַהלען ווערען גענוצט אין די פאַלען אין וועלכע אַן אָפּעראַציע איז ניט ראַטזאַם אָדער ניט אין גאַנצען דערפאָלגרייך. די ווירקונג פון די דאָזיגע שטראַהלען איז צו באַשעדיגען אָדער טויטען די קערפּער צעלען צו זיי וועלכע זיי ווערען אַנגעווענדעט. און אַזוי ווי קאַנסער צעלען זיינען יונגע צעלען זיינען זיי מעהר עמפּפינדליך און ווערען גיכער באַשעדיגט פון די שטראַהלען ווי די געזונטע קערפּער צעלען.

די צרה איז נאָר וואָס ניט אַלע קאַנסער צעלען באַזיצען

דיזעלבע סענסיטיוויטעט צו די דאָזיגע שטראַהלען. אויף מאַנ־כע קאַנסערס (ווי אין פאַל פון אָסטיאָ־סארקאָמאַ) האָבען די עקס און ראַדיום שטראַהלען קיין שום ווירקונג ניט.

דאָס מעסער בלייבט נאָך אַלץ אונזער בעסטע וואָפּע קעגען קאַנסער. אָבער עס מוז אָנגעווענדעט ווערען באַצייטענס, איידער עס ווערט צו שפּעט. און דאָס איז דער שטאַרקסטער אַרגומענט געגען וואַרטען צו לאַנג אין די פאַלען אין וועלכע מען פאַרדעכטיגט די עקזיסטענץ פון אַ קאַנסער געוויקס.

## פּראָסטעיט קאַנסער

### איין סאָרט קנסער וואָס מען קאָן יאָ קורירען.

די פּראָסטאַטע איז אַ געשלעכטס דריזע וואָס געפינט זיך נאָר ביי מענער. איהר פּלאַץ איז אַרום נאַקען פון׳ם וואַסער בלאַדער (אורין־זאַק). ביי עלטערע מענער ווערט די דאָזיגע דריזע פאַרגרעסערט און פאַרהאַרטעוועט, דאָס פיהרט צו פאַרשמעלערונג פון אורין קאַנאַל וואָס פיהרט די אורין פנ׳ם בלאַדער. דער רעזולטאַט איז דאָס דער וואַסער בלדער קאָן זיך ניט אין גאַנצען אויסליידיגען און דער מאַן מוז אָפט לאָזען צוביסלאַך וואַסער. אַזאַ מאַנ׳ס שלאָף ווערט אָפט געשטערט, ווייל ער דאַרף אויפשטעהן עטליכע מאָל ביינאַכט צו לאָזען וואַסער.

די דאָזיגע דריזע, די פּראָסטאַטע איז אויסגעזעצט צו דער געפאַהר עס זאָל זיך אין איהר ענטוויקלען קאַנסער און ווען דאָס פּאַסירט פאַרשפּרייט זיך די געוויקס צו די אַרומיגע קערפער טיילען און צו די ביינער פונ׳ם בעקען.

אָבער די דאָזיגע קאַנסער געוויקס קאָן קאָנטראָלירט און זאָגאָר קורירט ווערען דורך ענדערען די געשלעכטס האָרמאָנען אין קערפּער.

די פּראָסטאַטע, ווי שוין געזאָגט, איז א מענליכע געשלעכטס־דריזע. גיט מען אַזאַ מאַן גרויסע דאָזעס פון ווייב־

ליכע געשלעכטס-האָרמאָנען ווערען די קאַנסער צעלען פון דער פּראָסטאַטע איינגעשרומפּפען און שטאַרבען אָפּ.

די דאָזיגע באַהאַנדלונג פון קאַנסער אין דער פּראָסטאַטע גיט אונז גוטע האָפנונגען דאָס מיט דער צייט וועט מען מעגליך קאָנען קורירען קאַנסער אין דער געבעהר מוטער אָדער ברוסט קאַנסער ביי פרויען מיט דער הילף פון מענליכע געשלעכטס האָרמאָנען, און אפשר וועט מען מיט דער צייט אויך קאָנען אויסגעפינען אַנדערע מיטלען ווי אזוי צו מאכען אונמעגליך פאַר די קאנסער צעלען צו וואקסען אין אנדערע קערפּער טיילען. לאָמיר האָפען אַז דאָס וועט זיין אַזוי. פאָר-לויפיג איז קאַנסער אין דער פּראָסטאַטע דער איינציגער קאַנ-סער געגען וועלכען מיר האָבען אויסגעפונען א ווירקזאמען מיטעל.

## רעומע:

קאַנסער איז אַ געוויקס פון פרימיטיווע צעלען אין א טייל פון קערפּער וואו זיי באַלאַנגען נים.

די קראַנקהייט איז נים קיין אַנשטעקענדע. און זי געהט נים איבער בירושה. מען דאַרף נים מורא האָבען צו קומען אין נאָהענטער באַריהרונג מיט קאַנסער קראַנקע. און קינדער, אָדער נאָהענטע קרובים פון קאַנסער ליידענדע דארפען זיך נים שרעקען.

כראָנישע לאַנג דויערנדע רייצונגען אויף אירגענד וועל-כע טייל פון קערפער ווערען באַטראַכט אַלס מעגליכע פאַר-אורזאַכער פון דער קראַנקהייט. מען דאַרף דאַרום אויסמיידען אזעלכע רייצונגען, און אין דערזעלבער צייט דאַרף מען אויפ-האלטען דעם קערפער אין אלגעמיין אין א געזונטען פיינעם און גוט גענעהרטען צושטאַנד ער זאָל זיך קענען באַשיצען גע-גען יעדער סאָרט חולאת.

דורך גריינדליכע פיזישע אונטערזוכונגען, דורכגעפיהרט פעריאָדיש, און מיט דער הילף פון לאבאראטאָרי פּראָבעס און

עקס רעי בילדער קאָן מען פעסטשטעלען צי איינער ליידעט פון קאַנסער אָדער ניט, אָדער צי דאָס אויף וואָס דער מענש באַקלאָגט זיך אָן זיין אן אנדייטונג אויף קאנסער. עס לוינט זיך דארום ניט צו זיין אין צווייפעל אוןווארטען ביז די סמנים פון דער קראנקהייט זענען שוין אזוי דייטליך אַז עס קאָן מעהר קיין פראַגע ניט זיין וועגען דער דייעגנאָזיס פון קאַנסער. אויב מעןווארט אזוי לאנג איז געוועהנליך שוין צו שפעט צו העלפען דעם קראנקען.

דורך אָפטע פעריאָדישע פיזישע אונטערזוכונגען קאָן מען אויסגעפינען מעגליכע פאַלען פון קאַנסער נאָך איידער די קראנקהייט גיט דייטליכע סמנים, און דורך פריהצייטיגע בע־האַנדלונגען קאָן מען. אין אַזעלכע אָנהויב־פאַלען פון קאַנסער, פאָלשטענדיג קורירען די קראנקהייט איידער זי האָט צייט גע־האט זיך צו פארשפרייטען צו אנדערע טיילען פון קערפער.



# אינהאַלט:

●



